# ראַדאָמער-קעלצער לעבן

## הייַנט 10 זייַטען.

Radom, Piątek 11 Kwietnia 1930 r.

ראַדאָם, פרייטאָג י"ג ניסן תר"ץ

Redakcja i Administracja
Radom, Szwarlikowska 20.

*Oddział w Kielcach.*

**אַנאָנסען - פּרייַז:**

פאַר מיליאַמעטער שורה: פאָרן טעקסט 40 גר.
" " " אין " 60 "
" " " נאָכן " 25 "

די 1-טע און לעצטע זייט ענטהאַלטען 8 שפּאַלטען
אין טעקסט 4 "

# פרץ דער „שונא" פון פוילען...

(צום יודישען פארשלאג אנצורופען די פאדוואלניא גאס אויפ'ן נאמען פון י. ל. פרץ.)

דער ענין איז א אלטער. פיעל שרייבפאפיר איז שוין איבער די טעמא פערנוצט געווארען, פיעל טינט פערגאסען... און דער עיקר וויפיל אומריינע הענד האבען שוין אין דער זאך געגראבעלט.

— פרץ דער ליטוואק... פרץ דער שונא פון פוילען... פרץ דער רוסיפיקאטאר... און פרץ דער זשארגאנאוויעץ...

און א מאדנע זאך: שטענדיג זענען די דאזיגע לייט, וועלכע שפרינגען ארויס פון זייערע מייז-לעכער מיט אזא פזמון—די, וואס אליין זענען זיי באמת נישט געווען די שטארקע קעמפער פאר פוילען'ס גאולה, און וואס האבען תמיד געלעקט די פינגער ביי דער צארישער מאכט, דוקא זיי זענען עס געווען די, וואס האבען זיך בעמיהט וואס מעהר צו רוסיפיצירען ז׳ך. ווער איז געווען בעגען דער פוילישער זעלבסט-בעפרייאונגס-אידעע או ב נישט די ענדעקישע גדולים?

בעשערט געווען די ראדאמער יודישע ראטמענער אויסצובועלען א גאס אויפ'ן נאמען פון אונזער בעליעבטען יודישען דיכטער י. ל. פרץ. דוכט זיך, אז גאנץ פערשטענדליך און בערעכטיגט. „פאדוואלנא" איז יא א שיינע נאמען און „פערעצא" נישט?.. אבער ווי זאגט מען עפיס, א יודישע שמחה קען נ שט אדורך איינגאנצען גלאטיג. דאס יודען-פרעסערישע גאסען-בלעטיל „סלאווא" איז נאך דעם דאזיגען בעשלוס פון שטאדט-ראט ארויס מיט א לענגערען פאמפלעט וועגען דעם „ליטוואק" פרץ. דער פאשקוויל-שרייבער ווייזט אן נעביך אויף דעם „שאנדפלעק" וואס ראדאם וועט איצט האבען אויף זיך, דאן קומט א סעריע אויסגערעכנטע „חטאים" בכן פרץ זאל האבען גע'חזק'ט און געשפאט פון פוילען, ער זאל האבען געשריבען מאסען ארטיקלען אין יאצקאנ'ס „היינט" געגען די פוילישע אויפלעבונג, אויך זאל ער האבען געשטרעבט צו רוסיפיצירען די פוילישע יודען.

דער עס הארץ'ישער שרייבער „פערגיסט" אויך נישט פרץ'נס מכלומרשטע שותפות מיט די אונטערדריקער פון פרייען פוילישע וואלט. אין דער יודישער קהלה וואו ער האט דאן געארבייט אלס סעקרעטאר האט ער דערפאר בעקומען פארוואורפען פון דעם פוילישען פאטריאט נאטאנסאן און עס האט שוין געהאלטען זאגאר, אז ער זאל בעקומען דימיסיע, אבער דא האט זיך אריינגעמישט דער „יודישער אינטערנאצ אנאל" און פרץ איז געבליבען אויף זיין אמט.

כדי צו פערשטארקען די אלע בבא-מעשיות גיעט נאך דער ארטיקעל-שרייבער צו, אז אויך די יודישע היסטאריקער האבען די אלע פאקטען בעשטעטיגט און ער פיהרט אויס „אט פאר אזא אנטי-פוילישע ארבייט צאהלט מען אב מיט דער עהרע פון א נאמען פון א פוילישע גאס".

עס וואלט אפשר נישט כדאי געווען צו בעריהרען אזא פראגע וואס איז פאר אונז מעהר ווי קלאר, מיר ווייסען גאנץ גוט פונוואנען די אלע שקרים שטאמען, פאר אונז איז פרץ געווען דוקא דער ליעבהאבער פון פוילען און דוקא א גרעסערער ליעבהאבער ווי די מערדער-קדושים (ניעמויעדאמסקי). דאך וואלט שוין לאנג צייט געווען אויפצווייזען אזעלכע נארישע פאמפלעטען שמירער זייער לעכערליכקייט.

עס מאכט דעם איינדרוק ווי דוקא די הודך זיי אנערקענטע „שונאים" פון פוילען טארען נישט קומען בקהל, בעט די בשר'ע, די לאיאלע יודען אין ערלויבט זיך צו מישען אין עפענטליכען געזעלשאפטליכען לעבען. איז טאקי ביי דער געלעגענהייט אויך ווערט צו דערציילען וועגען אזא מין פאל.

פאריגע וואך האט זיך אין קעלץ געשאפען א יובילעאום-קאמיטעט לכבוד דעם 25 יעהריגען ארטיסטישען יובילעאום פון טעאטער-דירעקטאר ה' קאנראד, אין קאמיטעט פיגורירט אויך אלס מיטגליד א ארטיגער יודישער זשורנאליסט, העגען דעם, צי דער דאזיגער זשורנאליסט האט געברויכט אריין אין א יובילעאום קאמיטעט פון א בערזאן וואס האט גאנץ קנאפע פערדיענסטען פאר דער יודישער געזעלשאפט — דאס איז א צווייטע זאך, א פאקט, אין אבער אזא קלייניגקייט האט דער „סלאחא" נישט אויסגעמיטען און איז ארויס מיט א אנטיסעמיטישען נאטיץ, וואו דער מחבר פאדערט פון דער פוילישער געזעלשאפט צו פעראורטיילען דעם דאזיגען „אונערהערטען" פאל, וואס געשעהט צום ערשטען מאהל אין קעלץ, ס'הייסט, אלזא, אז עס איז געבראכען געווארען די טראדיציע און מען הויבט זיך אן חבר'ען מיט יודען...

און באמת, אזא „סקאנדאל", א „זשארגאנאווער" שרייבער אין א קאמיטעט וואו עס זיצען פוילישע רעדאקטארען... אזא גלייכבערעכטיגונג, א ווען זיי די „עכטע" פאליאקען האלטען געווען ביי דער מאכט, האלט אזעלכעס זיכער נישט געשעהען...

אה, בענגען זיי נאך אזעלכען צייטען. דער „חדש ימינו כקדם" איז ביי זיי א הייסע תפלה...

ל. ראדאל קעלץ.



# פון דער קעלצער האנדווערקער - קאמער.

דעם 30 פ. ח. איז פארגעקומען די פלענאר-זיצונג פון דער קעלצער האנדווערקער קאמער אונטער'ן פארזיץ פון פרעזידענט פון דער האנדווערקער-קאמער ה' סטעפאן סטונא און דער אנוועזענהייט פון פארשטעהער פון דער אינדוסטריע-מאכט, קאאפעראציע-אינסטרוקטאר ה' וואיטאוויטש און 17 ראטמענער.

דער פארזיצענדער האט איבערגעלעזען די דערהאלטענע טעלעגראמע פון געוועזענעם וואיעוואדע ה' קאראסאק, וועלכער ווינשט דער האנדווערקער-קאמער ערפאלג און ווייטערע פרוכטבארע טעטיגקייט, וואס די אנוועזענדע נעמען צום קענטניש דורך אפלאדיסמענטען און עס איז בעשלאסען געווארען איהם צו שיקען א בעגריסונגס-טעלעגראמע.

איינער פון די הויפט-פונקטען פון טאג-ארדנונג איז געווען דער פערליכטערטער רעגולאמין פאר די עקזאמינאציאנס-קאמיסיעס אויף מייסטערס. ארום דער דאזיגער פראגע איז שוין פארגעקומען א רייה פערוואלטונגס-זיצונגען, וועלכע האבען געדויערט צו 16, 17 שעה, ווייל דער פערוואלטונגס-מיטגליד ה' ש. קאץ, פערשטעהענדיג די וויכטיגקייט פון דער פראגע האט נישט געוואלט איינגעהן אויף דעם פאריגען רעגולאמין פון דער האנדווערקער-קאמער, לויט וועלכען 90 פראצ. יודישע בעלי מלאכות וואלטען נישט געקענט אויסהאלטען און וואס עס איז געווען דער הויפט-ציעל פון פיעל ראטמענער פון דער קאמער, וואס עס האט זיך געפיהלט אויף דער פלענאר זיצונג.

דא מוז איך אונטערשטרייכען, אז נאר א דאנק דעם ה' ש. קאץ און דער טאקטישער און לאיאלער האנדלונג פון פרעזידענט פון דער האנדווערקער-קאמער איז געלונגען אדורכצופיהרען דעם פערליכטערטען רעגולאמין, ווען די מעהרהייט יודישע ראטמענער אין דער קאמער אריענטירען זיך זעהר שוואך, אדער גארנישט, אין זיי זענען געשטאנען אויף דעם שטאנדפונקט, דאס דער רעגולאמין דארף זיין א שארפערער. נישט פערשטעהענדיג, דאס זיי האלטען געגען זיך זעלבסט אונטערגעשריבען א טויט-אורטייל, ווייל זיי אליין וואלטען נישט אויסגעהאלטען דעם עקזאמען. די מעהרהייט קריסטליכע ראטמענער האט זיך ארויסגעזאגט, דאס זיי וועלען נישט דערלאזען ראט מען זאל ארויסגעבען מייסטער-דיפלאמען פארטאטשען, פושערען און נישט בערופענע פערזאנען, דאבעגען די הערען סטונא און קאץ אלס פערוואלטונגס-מיטגלידער האבען פערטיידיגט דעם שטאנדפונקט, דאס מען קען נישט אוועקרויבען ביי מענשען דאס רעכט צו פיהרען זייער מלאכה, וועלכע זענען בעשעפטיגט צעהנדליגער יאהרען אונ, או דער רעגולאמין איז א צייטווייליגער און איז פערפליכטעט נאר ביז צו דעם 15 דעצעמבער 1930. דער ה' קאץ אין זיין רעפעראט איז געווען נאך ווייטגעהענדער און האט פערלאנגט, אז אין די עקזאמינאציאנס-קאמיסיעס, וועלכע דארפען בעשטעהן פון 3 פערזאן זאלען זיין פערטרעטען 2 יודען, ראמאלט ווען די מעהרהייט קאנדידאטען וועלען זיין יודען, וואס עס האט ארויסגערופען א גרויסע פערביטערונג ביי די קריסטליכע ראטמענער און עס האט געדראהט דאס די האנדווערקער-קאמער זאל דעקאמפלעטירט ווערען, ווייל די יודישע ראטמענער האבען געוואלט ארויסטרעטען פון דער קאמער.

נאך א לענגערע בעראטונג פון די יודישע ראטמענער איז אנגענומען געווארען דער אויסגעארבייטער פערלייכטערטער רעגולאמין דורך דער פערוואלטונג פון דער האנדווערקער-קאמער.

עס ליגט אין אינטערעס פון די אלע, וועלכע ווילען אין דער צוקונפט

האבען די מעגליכקייטען ווייטער צו פיהרען זייער מלאכה און האלטען לערן-יוגענד (טערמינאטארען) זאלען אויסנוצען דעם טערמין פון פערלייכטערטען עגזאמען, ווייל נאך דער אנגעוויזענער צייט, לויט דעם אינדוסטריע געזעץ, וועט פערפליכטען דער נארמאלער עגזאמען, וועלכע די רוב יודישע בעלי-מלאכות וועלען נישט קענען נאכקומען.

די עגזיסטירענדע ביי אונז יודישע צעכען דארפען זאפארט צוטרעטען צו אינפארמירען זייערע מיטגלידער וועגען דער וויכטיגקייט פון עגזאמענס און מיטהעלפען צו בעקומען די מעסטער-דיפלאמען, ווייל די קאמיסיעס וועלען בעשטעהן פון דעלעגאטען פון די צעכען.

די קעלצער האנדווערקער-קאמער האט זיך געווענדעט מיט א פראיעקט וועגען אומזאץ-שטייער צום פינאנץ-מיניסטעריום, אז אלע האנדווערקער, וואס בעזיצען פאטענטען 7-טע און 8-טע קאטעגאריע זאלען פון 1 יאנואר 1931 צאהלען 1 פראצענט אומזאץ-שטייער און שפיין-ארטיקלען אויסגעארבייט דורך האנדווערקער זאלען בעפרייט ווערען פון 1 אפריל פון אומזאץ.

אויף דער לעצטער זיצונג איז געווען בעטראכט די פראגע וועגען בעשטייערונג פון האנדווערקער-ווארשטאטען לטובת דער האנדווערקער-קאמער, כדי צו דעקען דעם בודזשעט פון 112 טויזענד זלאטעס. עס זיינען געווען פראיעקטען, אז מען זאל בעשטייערן יעדען ווארשטאט אין דער הויך פון 25 זל.

עס קומט פאר א לענגערע דיסקוסיע, אין וועלכע די יודישע פארשטעהער האבען אנטייל גענומען און אנגעוויזען, אז דער בעל-מלאכה איז שוין גענוג בעלאסטעט פון פערשידענע שטייערן, ווי פאר דער רעגירונג, שטאדט, פערזיכערונגען און אנדערע, וואס עס האט שוין דערפיהרט צו א פולקאמע פעראָרימטקייט פון דעם בעל-מלאכה און יעצט וועט נאך צוקומען א פרישער שטייער פאר דער האנדווערקער קאמער, וואס עס קען שאפען א פיינדליכע בעציהונג צו דער אינסטיטוציע, מיט וואס ער איז נישט איינשטימיג און זאגט זיך ארויס, אז ער וועט שטימען געגען יעדער פרישער בעשטייערונג, פון וועלכער עס זאל ליידען דער האנדווערקער.

מיט א מעהרהייט שטימען איז אנגענומען געווארען דער פארשלאג פון ה' מושאל, דאס מען זאל בעשטייערן די ווארשטאטען, וועלכע קויפען אויס פאטענטען 8-טע קאטעגאריע אין דער הויך פון 5 זל.; 7 טע — 10 זל.; 6-טע — 15 זל.; 5-טע — 20 זל. און די יעניגע, וועלכע קויפען נישט אויס קיין פאטענטען דארפען צאהלען 2 זל. פאר דער האנדווערקער, דאביי וועלען זיי בעפרייט ווערען פון 15 פראצ. אבצאהל ביים אויסקויפען פאטענטען.

3 ביינאכט איז די זיצונג געשלאסען געווארען נאכ'ן בעשטעטיגען די טעטיגקייט פון דער פערוואלטונג און ארויסגעשיקטע מאטעריאלען צו די פערשידענע אינסטאנצען.

מ. ק—סקי



# חג הגאולה.

דער חג הפסח איז נישט בלויז דער חג הגאולה פון יודישען פאלק, נישט בלויז דער ערינערונג'ס-מאמענט פון בצאת ישראל ממצרים, פון דער פיזישער בעפרייאונג פון דער עגיפטישער קנעכטשאפט. ער האט א ברייטערען פערנעהם. נאך א טיעפערע בעדייטונג: ער איז איינציגליך א סימבאל פון דער אמענשליכער גאולה, ווייל ער ענטהאלט אין זיך דעם משיח'ישען רעיון, וועלכען אונזערע נביאים האבען געדאכט נישט בלויז פאר'ן יודישען פאלק נאר פאר די גאנצע מענשהייט. אונזערע נביאים זענען קיינמאל נישט געווען ענגהערציג, עגאאיסטיש; זיי האבען געוואלט זייער תורה, זייער רעליגיע מיטטיילען דער גאנצער מענשהייט. דאס „גאטשפרייך" פון די נביאים איז פאר אלע. אונזער גאט איז דער גאט פון אלע פעלקער. איינער פון די נביאים זאגט: גאט וועט זיין דער קעניג איבער דער גאנצער ערד, אין יענעם טאג וועט גאט זיין איינציג און זיין נאמען איינציג.

אמת, מיר הערען דא און דארט ביי די נביאים אז דאס יודישע פאלק שפיעלט א צענטראלע ראליע צווישען די פעלקער, אלס א אויסדערוויילט פאלק, אבער דאס ווידערשפריכט נישט דעם רעליגיעזען אוניווערזאליזם. ישראל איז דאס גייסטיגע צענטרום, פון וועלכען די וואהרע רעליגיע צעגיסט זיך איבער אלע פעלקער, און דער נביא זאגט, אז „גאט'ס הויז איז א געבעט-הויז פאר אלע פעלקער". אונזער משיח'ישע אידעע געפונט אויך איהר אויסדרוק אין חג הפסח אין די ערשטע טעג אין דער הגדה, אין די צווייטע טעג אין דער ערהאבענער הפטרה פון אחרון של פסח.

• • •

און אזוי ווי פאר דריי טויזענד דריי

# די משומדת.

(ערצעהלונג).

דאס שטעטעל האט איהר שוין לאנג פערגעסען, ס'איז שוין א געשיכטע נאהנט פון פינפצעהן יאהר, זינט אנדזשע איז אנטלאפען מיט'ן קריסטליכען אפטייקער'ס זוהן, מיט וועמען זי האט געפיהרט אין געהיים א ליעבע.

אין די ערשטע צייטען האט איהר פערשווינדען ווערען און נאך מעחר איהר שמד אנגעמאכט אין שטעטעל א איבערקעהרעניש. ר' בונם ראבינאוויטש, דער אנגעזעהענער רייכער בעל הבית האט וואכען-לאנג פאר גרויס בושה נישט ארויסגעוויזען זיין פנים אין גאס און געזעסען פערשפארט אין א איינזאמען צימער ווי א פער'משפט'ער. אבער דער שטורם האט זיך ענדליך איינגעשטילט. שטעטעל האט נאך ר' בונם אויפגערעדט און איהם געשטארקט איבערצוטראגען די ליידען.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז די געשיכטע פערגעסען געווארען און מיט דער צייט האט זיך אויסגעדאכטען, אז ס'האט קיינמאהל קיין אנדזשיא נישט עקזיסטירט. אזוי פערגעסען איז זי געווארען פון שטעטעל. דאס זעלבע איז אויך געווען מיט אנדזשע. דאס גליק פון ליעבע צום יונגען דאקטאר, דעם אפטייקער'ס זוהן, האט זי אזוי פער'שכור'ט, אז ס'האט זיך איהר אויסגעדאכטען, אז זי איז קיינמאהל ביי יודען נישט געבארען, און אז איהר פאטער בונם ראבינאוויטש איז געווען א פרומער, חשוב'ער יוד פון די גרעסטע מיוחסים אין שטעטעל.

די שמד-צערעמאניע און זאגאר די אין פראכט און גלאנץ געראטענע חאכצייט מיט'ן יונגען קריסטליכען דאקטאר האבען זיי בעטויבט און פערשלונגען איהר גאנצע יודישע פערגאנגענהייט, און דעם גאנצען יודישען לעבענס-שטייגער, צו וואס זי האט בעקומען א אומגעהויערע שנאה און פעראכטונג. ארייגשטרומענדיג אין א נייער פרעמדער וועלט, וואו זי האט זיך געפיהלט פרייער, גליקליך און געליבט, האט זי מיט'ן גאנצען אימפעט און ווי מיט נקמה האט איבערגעריסען אלע פעדים מיט'ן יודישען לעבען, וואס איז פאר איהרע אויגען יעצט ערשיענען ווי א שטיק מרה-שחורה'דיגקייט אהן זון אהן פרייד, אהן גענוס און אהן ראמאנטישע הארץ-צאפלעניש.

יאהרען-לאנג האט זי, אנדזשע, געלעבט אין אזעלכע געפיהלען און אומעטום, וואו זי איז געקומען, האט זי קיינמאהל זיך נישט אנגעגעבען און אפילו מיט א איבריג ווארט זיך אויסגעהיטעט, אז ס'זאל חלילה נישט פאלען קיין פערדאכט, אז זי איז א יודישקע, אדער שטאמט פון יודען. און ווירקליך האט קיינער גארנישט אין איהר דערקענט. קיין שום סעמיטישען שטריך האט זי נישט געהאט אויפ'ן געזיכט. אפילו אין אויסשפרוך האט מען גארנישט געקענט דערקענען. זי האט גערעדט פייליש פליסיג און מיט א אקצענט בונקט ווי א עכטע געבארענע פאלקע.

דורך דער צייט איז אנדזשע שוין אויך פון זיך אליין געווארען היפנאטיזירט און גרייט געווען זיך איינצורעדען, אז דאס, וואס איהר ווייזט אויס צייטענווייז, אז זי איז אמאהל א יודישקע געווען — אז דאס אלעס איז א חלום אזא, און אז אין דער ווירקליכקייט איז זי טאקע א געבוירענע קריסטין. אבער גראד אין פינפצעהן יאהר ארום ווען זי האט שוין געהאט מיט'ן קריסטליכען דאקטאר צוויי דערוואקסענע יונגעלעך און ווען דאס שטעטעל האט זי שוין געהאט אינגאנצען פערגעסען — ערשט אין אזא ווייטע צייט

הונדערט יאהר צוריק שטעהט אייך יעצט דאס יודישע פאלק פאר א שווערען פראבלעם פון א נייעם יציאת מצרים, אויף דער שוועל פון א נייער גאולה. אזוי ווי דאמא"ס איז אויך היינט פאר אונז אקטועל די פראגע פון ערוועהלען א אייגען לאנד, א אייגענעם באדען אונטער אונזערע וואקלדיגע פיס. דער חג הפסח ווערט ווייטער ביי אונז א אקטועלער חג הגאולה. מיט דעם ערוועקען ארץ ישראל אלס א ערד דערגרייכט דאס יודישע פאלק די פיזישע און אויך גייסטיגע בעפרייאונג פון קנעכטשאפט, פון גלות — דעם ירושלים של מטה. און מיט דעם הר הצופים, אויף וועלכען עס ענטוויקעלט זיך דער מכון למדעי היהדית, די העברעאישע אוניווערזיטעט, ווערט דערגרייכט דער ירושלים של מעלה. וואו ס'וועגט זיך ווייטער פאר אונזערע אויגען דער איבערגעדריסענער פאדעם פון יודישען גייסט, פון נצח ישראל, פון רעיון המשיחי. דאס יודישע פאלק נאך א לאנגער הפסקה פון גלות קומט ווידער צום ווארט. דאס מאל צו א ניי ווארט, וואס וועט האבען מעכטיגע פאלגען פאר די גאנצע מענשהייט. פסח מצרים הויבט ווידער אן צו ווערען א פסח לעתיד.

**פלטי מושקאטבליכה**

ער"ב תר"ץ.

■■■■■

# כאראקטעריסטישער פראצעס ארום א גנבה.

אין ראדאמער קרייז-געריכט איז די טעג בעטראכט געווארען פאלגענדער כאראקטעריסטישער פראצעס:

א געוויסער פייוועל ל. האט איינגעקלאגט אין געריכט דעם אויספירער פון דער היגער קרימינאל פאליציי ה' ס., אז דער לעצטער האט איהם נישט בעצאהלט די 30 זל. וואס זענען געווען בעשטימט פאר איהם אלס בעלוינונג אין מיטהעלפען אויסגעפונען א וויכטיגע גנבה. דאס איז געווען אין חודש מאי פון פאריגעס יאהר. און דער תובע פייוועל ל. בעשולדיגט דעריבער דעם פאליציי אגענט ס. אין „פזשיוולאשטשעניע", ד"ה, אין צו אייגענען זיך די 30 זל. וואס זענען דורכ'ן אויספארשונג'ס-אמט איהם אנפערטרויט געווארען פאר איהם, פייוועל ל.

בעת דער געריכט'ס-פערהאנדלונג ערקלערט דער אנגעקלאגטער, אז די 30 זל. האט ער בעקומען פון אויספארשונג'ס אמט מיט'ן צוועק צו בענוצען דאס געלד לויט זיין אנערקענונג בעת דער ספיהראער אויספארשונג, אין צוזאמענהאנג מיט'ן ענטדעקען די אויבען דערמאנטע גנבה, און נישט בעקוקט דערויף האט ער די 30 זל. איבערגעגעבען פערזענליך פייוועלען אין איינעם פון די שענקען, אין דער צייט, ווען יענער איז געווען „אונטער'ן פלעשעל" און, אז פייוועל ל. האט איהם קוויטירט פאר די דערהאלטענע סומע. אבער נישט אליין, ווייל ער איז געווען אנגעטרונקען און ביי דער מיטה לף פון זיין האנד. דער אנגעקלאגטער האט ווייטער ערקלערט, אז הגם ער האט מיט רעכט געקענט אויסשטעלען א אייגענע קוויטירונג אויף די אויסגעגעבענע סומע, וואס וואלט דורך זיין מאכט אפראביערט געווארען, האט ער פונדעסטוועגען דאס נישט געטוהן, נאר דאס געלד פאקטיש אויסגעצאהלט פייוועל ל.

פייוועל ל. האט געלייקנט, אז ער האט פון פאליציי-בעאמטען ס. קיין געלד נישט ערהאלטען און אויך קיין קוויטירונג נישט געגעבען.

אלס עדות איז אויסגעהערט געווארען דער לייטער פון אויספארשונג'ס-אמט ה' מאגאס, וועלכער האט געגעבען נישט קיין געהויבענע „אפיניע" פאר פייוועל ל. דאגעגען וואס שייך דעם אנגעקלאגטען, האט ער זיך גוט ארויסגעזאגט און גלייכצייטיג ערקלערט, אז די 30 זל. זענען געגעבען געווארען דעם אויספירער ס. צו זיין אייגענע דיספאזיציע און נישט אויסדריקליך פאר פייוועל ל.

נאך א קורצע בעראטונג האט דאס געריכט ארויסגעטראגען א בעפרייאונגס-אורטייל און גענצליך פריגעשפראכען דעם פאליציי-בעאמטען ס.



האט זיך ביי איהר די יודישע פערבארגענע נשמה אוועק-אויף געגעבען און זי האט דערפיהלט פונקט פערקעהרט: אז דאס וואס זי וויל זיך איינשמועסען, אז זי איז א קריסטין, איז א חלום, און אז אין דער אמת'ען איז זי פון יודען געבארען.

אויסגעצאפעלט אין איהר האט די פון לאנג שוין איינגעשלאפענע יודישע נשמה פסח ביינאכט צום ערשטען סדר. אייגענטליך האט זיך ביי אנדזשע נאך פריהער מיט עטליכע טעג אנגעהויבען דער נשמה-אויפברויז און עפעס א פערבארגענע שטים איז ארומגעלאפען אין איהר גאנץ געביין, שרייענדיג: זשירובקא, פאר וואס רופסטו זיך נישט אב מיט א ווארט — און ווירקליך האט זי שוין דאן געלאזט פאלען ווערטער, וואס האבען פערטיידיגט די יודען פון זעיבען הייטען שטעטעל, וואו זי האט געוואהנט. דאס איז געווען פאקע עטליכע טעג פאר פסח און ווען אין שטעטעל איז פלוצלינג פערלוירען געווארען א קריסטליך קינד און ס'איז ארויס א קלאנג, אז יודען האבען עס פערבארגט כדי צו צאפען דערפון בלוט אויף פסח. דער טומעל אין שטעטעל האט אין אנדזשען אויפגעוועקט איהר אמאליגע יודישקייט. פינקטווייז האט גענומען ברענען דאס צאנקענדע יודישע נשמה-ליכט, וואס האט ערגיץ געטליעט טיעף אין א פערוואריעטען הארץ-ווינקעלע און אנגעמאכט א שטורעם אין איהרע צוויי וועלטען: פון א מאהל און יעצט. זי האט זיך געכאפט אין דער יעצטיגער נייער און פאר איהר פרעמדער וועלט, אבער ערגיץ אין דער טיעף האט געשריגען: זשירובקא, פאר וואס שווייגסטו, ווער נאך ווי דו, ווייסט, אז ס'איז א ליגען און יודען געברויכען נישט קיין בלוט אויף פסח.—

האט אנדזשע פאקע נישט געשוויגען און בערוהיגט אלע איהרע בעקאנטע, אז דאס יונגעלע וועט זיך אויסגעפונען און, אז מ'ברויך נישט געמען ערנסט די פאלשע קלאנגען. זי האט זיך אבער קיין טובה נישט געטוהן. טייל האבען איהר געגלויבט, און א טייל — נישט. און ביי א טייל האט זיך דערוועקט א חשד, פאר וואס זי פערטיידיגט אזוי די יודען... אנדזשא האט דאס דערפיהלט, זיך געוואלט צוריקציהען און געוואלט גאר נישט עהרליך מיטשפיעלען מיט די פערשפרייטע קלאנגען, אבער זי האט שוין נישט געקענט. טיעף אין איהר נשמה האט זיך וואסיגער צושטורעמט און דאס האלב-פערגליווערטע יודיש בלוט האט זיך אויפגעשייעט און גענומען אריינשטרומען אין איהרע נייע געוואהנהייטען און געפיהלען. אזוי ווייט, אז פסח ביינאכט האט זי נישט געקענט בלייבען זיצען אין איהרע סאלאנען. און זייענדיג ארויסגענומען פון בענקשאפט נאך דעם אמאליגען פאטריארכאל-טראדיציאנעלען סדר-טיש פון איהר טאטענ'ס הויז, אין זי ארויס מיט'ן יונגערען יונגעלע כלומר'שט שפאצירען איבער'ן שטעטעל אין א אינטער-געסעל זיך אוועקגעשטעלט אונטער א לאדען הערען אבריכטען דעם סדר און ביי זיסע, הארציגע הגדה-מעלאדיעס זיך דערמאנט איהר אמאליג שטעטעלע און פערגאנגענהייט. זי האט דערפיהלט דעם פריהלונג'ס-דופט און די גאנצע מילדע, צארטע גלעטענדע לופט פון איהר אמאליג בע'חנ'ט שטעטעלע אין אזא הערליכער לבנה-בעזילבערטער פסח נאכט. און א טרער האט זיך בווייזען אין איהרע אויגען...

זי וואלט געשטאנען אזוי אין דרויסען אונטער'ן לאדען א גאנצע נאכט, אבער איהר קליין יונגעלע האט איהר גערופען: מאמושא, קום אהיים, איך האב מורא, מיינע חברים האבען מיר דערציילט, אז די יודען כאפען קינדער אויף בלוט, וואס זיי טהוען אריין אין די מצות אויף פסח. זאל די מא-

# דעפּ. גרינבוים ענטפערט די ראַדאָמער האַנדווערקער.

ווי מיר האָבען שוין מיטגעטיילט האט דער היגער האַנדווערקער-קלוב געשיקט אַ בריעף צו דער יודישער קאָלאָ אין סיים, וועלכער האָט ענטהאלטען אַ פּראָטעסט געגען דער אינטערפּעלאַציע פון דעפּ. גרינבוים מכח דער פונאַנדערלאָזונג פון דער יודישער קהלה אין ראַדאָם. דערויף האָט דער היגער האַנדווערקער-קלוב ערהאלטען פאָלגענדען בריעף:

קלוב פון די סיים-דעפּוטאַטען און סענאַטאָרען
פון דעם יודישען נאַציאָנאַל ראַט
וואַרשא, נאַלעווקי 2.

## צום יודישען האַנדווערקער-קלוב אין ראַדאָם.

ג. ה"ה.

איך האָב ערהאלטען אייער בריעף פון 30-טען מערץ ד. י. און מוז אייך קודם כל אויפמערקזאם מאַכען אויף זיין אונדערלאָזבאַרען טאָן, בפרט ווען עס האַנדעלט זיך בנוגע זאַכען, וועגען וועלכע איהר זייט נישט געטרוי אינפאָרמירט. איך האָב אין מיין פאָרשלאָג אין איהם ניט אָנגענומען קיין שום שטעלונג, ניט קיין פּאָזיטיווע און ניט קיין נעגאַטיווע צו דער געוועזענער פערוואַלטונג און ראַט פון אייער קהלה. איך האָב נאָר בערירט די פאָרמעלע זייט פון דער פראַגע, נעמליך, אז דער סטאַראָסטא האָט ניט געהאַט לויט די פערפליכטענדע פאָרשריפטען קיין רעכט פונאַנדערצולאָזען די אָרגאַנען פון דער קהלה און דעסטאָ מעהר צו נאָמינירען אויף זייער אָרט אַ צייטווייליגע פערוואַלטונג. איך האָב אויך אָנגעוויזען דערויף, אז אויב מען זאָל זיך אפילו שטעלען אויפ'ן שטאַנדפּונקט, אז די אויפזיכטס מאַכט האָט דאָס רעכט פונאַנדערצולאָזען די פערוואַלטונג און דעם ראַט, האָט זי געדאַרפט אָלענפאַלס גלייכצייטיג פערארדנען נייע וואַהלען, וואָס עס איז אין דעם געגעבענעם פאַל ניט פארגעקומען. מען מוז דאָך פערשטעהן, אז מען קאָר ניט דערלאָזען בשום אופן צו אַזאַ צושטאַנד, אז יעדער סטאַראָסטא זאָל זיך נעמען דאָס רעכט פונאַנדערצולאָזען די פערוואַלטונגס-אָרגאַנען פון אַ קהלה און נאָמינירען אַ פערוואַלטונג, ווייל היינט וועט דאָס פאָרקומען אין אַ קהלה, וואו די פערוואַלטונג, אָדער דער ראַט זענען ווירקליך ניט אַרבייטס-פעהיג און מאָרגען אין אַ קהלה, וואו דער, אָדער יענער קליקע וועט זיך וועלען צוליעב פערשידענע פערזענליכע מאָטיווען צו ענדערן אָהן שום וואַהלען און געזעצליכען גרונד די פערוואַלטונג.

מיר שיקען אייך לשם אינפאָרמאַציע אַ קאָפּיע פון אונזער פאָרשלאָג און אויך אין צוזאַמענהאַנג מיט די נייע וואַהלען צו דער ראַדאָמער קהלה.

(—) י. גרינבוים.

# שיער נישט געבליבען אָהן אַ מלכה אויף פסח...

## דער מאַן איז חושד זיין ווייב, אז זי „זדראַדזשעט“ איהם אונטער זיינע פּלייצעס און ער פאָדערט אַ גט.

### אַלס עדות קומט אַ אייגענער שוואָגער, וואָס ערקלערט, אז ער איז אַ איינער פון אַ מין געליבטע פון זיין פרוי.

דאָס פאָר-פאָלק וואָהנט אויף דער קילינסקא גאַס. שוין צוויי יאָהר איז אַוועק, זייט זיי האָבען חתונה געהאַט. דורך דער גאַנצער צייט האָט געהערשט שלום-בית און דער מאַן האָט גאָרנישט געהאַט צום ווייב און אַזוי איז אויך געווען פערקעהרט. — דאָס ווייב האָט גאָרנישט געהאַט צום מאַן. לעצטענס אין דער שלום-בית נעשטערט געוואָרען. די „פּזשיטשינאַ“ איז געווען, וואָס דעם מאַן איז אויפגעפאַלען געוואָרען דער פאַקט, וואָס זיין ווייב געהט לעצטענס אָפט מיט בעקאַנטע יונגעלייט אין קינאָ אַריין.

דאָס בלויז וואָלט אפשר נאָך נישט געשטערט דעם מאַן אויף אַ עפענטליכען סקאַנדאַל. איז אָבער צוגעקומען אַ צווייטע צרה. אַזוי ווי דער מאַן האָט זיין אייגענע אַ שוועסטער און די שוועסטער האָט אויך אַ מאַן, האָט יענער מאַן, ס'הייסט זיין שוואָגער, איינמאָהל זיך מתודה געווען פאַר זיין ווייב, ס'הייסט זיין שוועסטער, בכן ער האָט אינטימע בעציהונגען מיט איהר ברודער'ס ווייב, האָט די שוועסטער דאָס דערצעהלט זעם ברודער, וועלכער האָט גענומען אויף אַ פערהער דעם שוואָגער און יענער טאַקע האָט זיך אָפען מודה געווען, אז ס'איז אמת און אַלס „יאַפּנע דאָוואָד“ איבערגעגעבען אַ געשיכטע וועגען אַ געוויסען פרייטאָג-צונאַכט, ווען ער, דער מאַן איז געגאַנגען אין קינאָ, און זיין ווייבעל איז געבליבען אין דער היים, איז ער געווען „זאַסטעמפּצע מאַנזשאַ“ און זיך משמח געווען מיט דער שבת מלכתא... דערביי האָט דער שוואָגער צוגעגעבען נאָך איין קלייניגקייט אז... ער איז נישט געווען איין זכור אין מאָסקווע, גאָר, אז ס'האָבען זיך געפינען נאָך קאָלעגען, וואָס האָבען געהאַט „פּראַוואָ אוזשיטקאָוואַניאַ“...

פערשטעהט זיך, אז נאָך אַזאַ גביאת עדות איז די אידיליע צווישען פּאָר-פאָלק געפּלאַצט און דער מאַן האָט אויפגעפאָדערט זיין ווייב צוגעהן מיט איהם לדין.

מאַן און ווייב און קרובים פון ביידע צדדים זענען אַוועק צו הרב קעסטענבערג, וואו דער מאַן האָט מסדר געווען די טענות און אויך אַרויסגעלעגט אויף טעלערלעך און לסוף פערלאַנגט, אז ער וויל זיין אשת חיל „מהנה“ זיין מיט די צוועלף שורות — מיט אַ גט.

מ'האָט אַרויסגערופען דעם „גלובנעם“ עדות, דעם שוואָגער, און צווישען איהם

פּושא געהן אהיים מיט מיר.

אַנדושאַ האָט גאָרנישט געענטפערט, און איז אהיים געגאַנגען מיט'ן קינד וואָס האָט אין דער היים פאַר'ן סאַמוש דערצעהלט, אז די מאַמושאַ האָט זיך אייעקגעשטעלט אונטער'ן לאַמפּ פון מאַטעק דעם בעקער צו הערען ווי מ'פּראַווט דאָרט די „שוויענטע“.

דער סאַמוש האָט גאָרנישט גערעדט. נאָר אַ געקוקט מיט אַ האַלבען שמייכעל די מאַמושאַ, וועלכע האָט פערשטאַנען דעם בעדייט און אַרומגענומען איהר געליבטען מאַן און געזאָגט מיט אַ האַלב-וויינענדיגע שטים, ווי בעטעניזיג ענטשולדיגונג:

—אַ וויי, האָב נישט פּעראיבעל. מיין גאַנץ לעבען געה איך מיט דיר אין דיינע הייליגע קירכעס, מאַ לאָמיך האָבען איינע אַליין אַ מאָהל אומקעהרען צו מיינע הייליגקייטען, צו מיינע קינדער-יאָהרען און צו מיינע בענקשאַפטען פון מיין אַלטער היים, לאָמיך צוריקגעהן—..

אַנוש האָט איהר מוחל געווען אין קיינער פון זיינע בעקאַנטע וואָלט דערפון נישט געוויסט. האָט אָבער דאָס שטעטעל געמוזט נאָכהער רעדען, אז דעם דאָקטאָר'ס ווייב איז די ערשטע סדר-נאַכט געשטאַנען אַ צייט לאַנג אונטער'ן לאָדען פון משה בעקער... און צוליעב דעם האָט אַנוש זיך אָפּגעצויגען פון שטעטעל, ערקלערענדיג פאַר זיינע קאָלעגען און פריינד, אז ער ציהט זיך אין אַ גרעסערע שטאָדט...

פ. פּאָליער.

מיט'ן ווייבעל איז פארגעקומען א קאנ-פראנטאציע, בעת וועלכער דאס ווייבעל האט קאטעגאריש אלץ אבגעלייקענט איהם אין די אויגען, אבער דער שוואַ-גער האט גע'טענה'ט, אז ער איז גרייט צו שווערען אפילו אין שוהל און אויך דאס מאהל זיך פעררופען אויף אנדע-רע עדות. האט מען געשיקט נאך די ערות, אבער יענע האבען גע'טענה'ט לא היו דברים מעולם און אבגעליי-קענט די גאנצע מעשה, אז זיי וויסען פון גארנישט. דאס האט שטארק אויפ־גערעגט די קרובים פון אומשולדיגען ווייבעל, און זיי האבען זיך אין בית-דין-שטוב געוואָרפען שלאגען אויפ'ן שוואגער. נאך פיעל אינטערווענצען פון זייטיגע מענשען, וועלכע האבען דאס אלץ ביינעזעהען, האט מען די בעלי דברים צעריסען און איינגעשטילט.

דאס בית - דין אויסהערענדיג די טענות פוןביידע צדדים האט ארויס-געטראגען א פסק, אז דער שוואגער איז נישט בעגלויבט. ער האט פער-לוירען זיין מאראלישע חזקת כשרות, מחמת ער איז פערדארבען, וואס ערש-טענס, קומט אויס לויט זיינע רייד, אז ער האט געזינדיגט מיט אנ'אשת איש און נאך דערצו מיט זיין שוואגער'ס ווייב און צווייטענס, ווען דאס וואלט אמת געווען, וואלט ער זיכער נישט דערצעהלט, דער דריטער טעם איז, אַאַס דיסקוואליפיצירט און פסל'עט זיין עדות-זאגען איז דאס, וואס די עדות, אויף וועלכע ער פעררופט זיך לייקע-נען שטיין און ביין און ערקלערען ענטשלאסען, אז זיי האבען מיט איהם נישט געהאט קיין שום שותפות-עסק. נעמענדיג אין אכט די אלע מאטיווען זאגט זיך דאס בית-דין ארויס, אז דער מאן זאל איבערבעטען זיין פרוי, וויל ער האט אויף איהר מוציא שם רע געווען.

דער מאן איז תיכף מקיים דעם פסק, בעט איבער זיין ווייבעל און דאס פאר-פאלק איז א היים געגאנגען מאכען פסח.

דער מאן האט אנשטאט א גט צוריק גענומען זיין מלכה אויף פסח, אבער פאר דאס האבען דעם ווייבעל'ס קרובים פערזיכערט דעם „געטרייען" שוואגער אז ער וועט בעקומען זיין חוב הייליג בעצאהלט...

אין דער לאנדווירטשאפט, דאס אויס-ארבייטען די דערמאנטע פראדוקציע.

צווישען די פרייע פארשלאגען איז אנגענומען געווארען דער פארשלאג פון ראטמאן פרענקעל, אז לויט'ן ביישפיל פון די פריהערדיגע יאהרען, זאל אויך היי-יאהר דער מאגיסטראט א־ויסטרע-טען צו דער אדמיניסטראציע מאכט וועגען א ערלויבעניש צו פערלענגערען די האנדעל'ס-שעה'ען במשך די צוויי וואכען ערב די ימים-טובים, אנהוי-בענדיג פון דעם 7-ען ה. ח.

## ערשטער ארבייטער - פילם.

אין קינא „שוויט" וועט זונטאג און מאנטאג דעם 13 און 14 ד. מ. (די ערשטע טעג פסח) דעמאנסטרירט ווערען א אינטערעסאנטער פילם, וועלכער ווייזט אין בילדער די אויפטהוען און דער-גרייכונגען פון דער בונדישער פארטיי אויפ'ן סאציאלען, קאאפעראטיווען, קולטורעלען און געזעלשאפטליך-ערצי-הערישען געביעט.

ס'ווערען געוויזען די שולען, סאנא-טאריומס, קאלאניעס, קאאפעראטיווען און אנדערע וויכטיגע אינסטיטוציעס, וואס זענען אויפגעבויט געווארען דורכן „בונד". דער פילם וועט צום ערשטען מאהל געוויזען ווערען אין ראדאם און פערדינט ווירקליך אויף א מאסענוויזען בעזוך פון אלע שיכטען פון דער בע-פעלקערונג, ווייל דער פילם האט א קולטור - ערציהערישע בעדייטונג פון גרעסערען פערנעם.

## 900 דאלאר פון די אמעריקאנער לאנדסלייט לטובת ראדאמער אינסטיטוציעס.

די היינטיגע קהלה-פערוואלטונג האט אויף איהרע טעלעגראפישע אינטער-ווענצען דערהאלטען א ידיעה פון די ראדאמער לאנדס-לייט אין אמעריקא, אז זיי שיקען טעלעגראפיש ארויס 900 דאלאר אויפ'ן אדרעס פון היינטיגען קהלה-פרעזעס ה' אלי טענענבוים און האנדעלסקער-דאזאר ה' בנימין וואכ-מאן.

פון די 900 דאלאר זאל 250 געהן לטובת דעם בית יתומים, 150 פ ר חינוך ילדים און דאס איבריגע געלד זאל בעשטימט ווערען פאר דער פסח-אקציע לויט'ן איינזעהן פון דער קהלה.

## שטאדט-ראט אנגענומען אנ'הלוואה אויף 300,000 זל.

דער שטאדט-ראט האט דעם פער-גאנגענעם שבת-צונאכט אבגעהאלטען צוויי זיצונגען, איינע נאך דער אנדע-רע. אויף ביידע זיצונגען האט זיך גע-האנדעלט וועגען אננעמען אנ'הלוואה אויף א סומע פון 300,000 זל., וועלכע איז טאקע בעשטעטיגט געווארען אין ביידע לעזונגען.

די הלוואה ווערט גענומען אין דער פוילישער קאמונאלער באנק אויף א קורצען טערמין.

דער שטאדט-ראט האט אויף די זעל-בע זיצונגען אנגענומען א בעשלוס, אז דעם מאגיסטראט איז ערלויבט צו דשי-רירען די וועקסלען פון די שטאד-טישע אונטערנעמונגען, ווי אויך אויס-צושטעלען וועקסלען פאר זושטעלער און אונטערנעמער, וועלכע פיהרען אויס פערשידענע ארבייטען פאר דער שטאדט.

לויט'ן פארשלאג פון מאגיסטראט האט דער שטאדט-ראט אויסגעוועהלט אין דער מיליטערישער פאבאר-קאמיס-יע די ראטמענער בלינסטראך און בינ-קאווסקי.

אויפ'ן פארשלאג פון ראטמאן אדוו. ביעלסקי, ווערט אויסגעוועהלט א בע-ראטונגס-קאמיסיע פון דריי ראטמענער, וועלכע וועלען צוזאמען מיט די פאר-שטעהער פון די שטאדטישע אונטער-נעמונגען און מאגיסטראט גענוי אויס-פארשען דעם מצב פון דער פאבריק פון קינסטליכער מיסט, אויסארבייטונג „פוראפאספאט" און ארויסזאגען זיך, צי עס לוינט זיך פאר דער שטאדט ביי דעם יעצטיגען הערשענדען קריזיס

## פון דער טהעטיגקייט פון „לינת - הצדק".

במשך פון חודש מערץ ל. י. האט די געזעלשאפט „לינת-הצדק" ערטיילט: 36 קויטלעך פאר קראנקע א היים, 80 קויטלעך ביים דאקטאר אין קאבי-נעט, 4 פעלדשערישע וויזיטען, 99 רע-צעפטען, 6 נאכט-פארפאלען ביי קראנ-קע, 2 ביי קינפעטאריגס, 3 מאל משמ-מורים ביי קראנקע.

## פרץ - אקאדעמיע אין קינא „קארסא".

אין צוזאמענהאנג מיט דער 15-טער יאהר-צייט פון דעם אינפערגעסליכען גרויסען פאלק'ס - דיכטער י. ל. פרץ קומט פאר מארגען שבת 1 א זייגער נ. מ. א אימפאזאנטע אקאדעמיע.

מיט א רעפעראט וועגען דער גיגאנ-טישער פערזענליכקייט פון י. ל. פרץ און זיין געניאלע שאפונגען פאר דער יודישער ליטעראטור און קולטור, וועט ארויסטרעטען דער בעוויסטער ארביי-טער-טהוער און טאלאנטפולער רעדנער זרבבל.

אויף דער אקאדעמיע וועט אויסגע-פיהרט ווערען כאר-געזאנג און ארקעס-טראלע-מוזיק.

## בעריהמטע רעווי-קינסטלער לילית און גאדיק אין ראדאם.

מאנטאג ביינאכט מוצאי יו"ט, דעם 14-טען ה. י. וועט אויסגעפיהרט ווערען אין „ראזמאיטאשטשי" די פרעהליכע רעווי - פארשטעלונג „מ'פייפט אויפ'ן קריזיס", מיט'ן אנטייל פון די בעריהמ-טע ביהנע קינסטלער לילית און גאדיק.

די פרעהליכע רעווי וועט דעם עולם ארויסשלאגען די דאגות פון קאפ, און ער וועט פיהלן כאטש עטליכע שעה דעם טעם ווי אזוי מ'פייפט אויפ'ן קריזיס.

## יאנאס טורקאוו אין ראדאם.

דעם צווייטען טאג חו"ם פסח, מיט-וואך, דעם 16-טען ה. ח. שפילט אין ראדאם דער בעקאנטער ארטיסט יאנאס טורקאוו מיט זיין אויסגעצייכנעטען אנ-סאמבל, וועלכער צעהלט בעדייטענדע כחות פון דער יודישער ביהנע.

יאנאס טורקאוו איז דער רעפרעזענ-טאנט פון דעם גיי געגרינדעטען יודי-שען קינסטלערישען טעאטער אין ווארשא „וונים".

## אויפטריט פון טאלאנטפולען ארטיסט מאריס לאמפע.

ואחרון אחרון חביב. צווישען די יום-טוב גאסטראלען וועט פערנעמען א גאר בעזונדערס חשוב'ען ארט די פארשטע-לונגען פון דעם בעגאבטען ארטיסט מאריס לאמפע, וועלכער וועט אויפטרע-טען אחרון של פסח, דאס הייסט מוצאי יום-טוב.

אנגעזעהענע טעאטער-קריטיקער האל-טען, אז מאריס לאמפע איז א קינסט-לער בחסד עליון. ער איז כמעט אונ-פערגלייכליך אין דער קרעאציע פון „טוביה דער מילכיגער", וואס ער וועט טאקע ביי אונז דא אויפפיהרען.

מאריס לאמפע האט שוין איינמאהל געשפילט אין ראדאם און מיר האבען געהאט די מעגליכקייט זיך איבערצו-צייגען אין זיין גרויסען טאלאנט.

מאריס לאמפע איז ספעציעל אנגא-זשירט אין דער טרופע פון דעם אין ראדאם בעקאנטען ארטיסט י. ביאל-קאחיטש.

## ראדאם האט שוין א אייגענעם יודישען ארקעסטער.

צו אונזערע פריינד און סימפאטי-קער!

עס איז אונז ענדליך, נאך לאנגע און זעהר שווערע אנשטרענגונגען, גע-לונגען צו רעאליזירען דעם גראנדיע-זען פלאן צו שאפען דעם ערשטען און איינציגען אידישען ארקעסטער אין רא-דאם. מיר האבען שוין היינטיגע וואך די אינסטרומענטען בעקומען.

יעצט, אנהויבענדיג די רעגולערע לעהרע מיט'ן ציעל צו ערלערנען די מיטגלידער דאס שפילען אויף די אינ-סטרומענטען, האבען מיר בעשלאסען צו שאפען א עהרען-פרעזידיום.

מיר רופען די א"ע, וועלכע האבען אונז דורך זייערע שפענדונגען מיטגע-האלפען ביים לעגען דעם פונדאמענט פאר דעם דאזיגען ארקעסטער, ווי אייך אלע אונזערע פריינד און סימפאטיקער, אויף די אלגעמיינע פערזאמלונג, וועל-



כע קומט פאר כאטאג דעם 14 אפריל אום 5 נ. מ. אין לאקאל פון ברית-תרומפלדור. ספאצערנא 12.

קומט מאסענהייז!

מסקד הקן: (—) ישראל סובה

מוכיר: (—) מרדכי גערטנער.

# ספארט.

## בר-כוכבא—ר. ק. ס. 2:2 (2:1)

דעם לעצטען זונטאג איז אפיציעל געעפענט געווארען דער ספארט-סעזאן, וואו עס האבען זיך געטראפען אין א פריינדשאפטס-מעטש דער שטארקסטער היגער יודישער ספארט-קלוב בר כוכבא מיט דעם פאראיאהריגען מייסטער פון קעלצער אקרעגג די היגע ר. ק. ס. ביידע מאנשאפטען זענען ארויסגעטרע-טען כמעט אין זייערע בעסטע צוזא-מענשטעלען און נישט קוקענדיג אויפ'ן קאלטען וועטער איז דאך געקומען א גרויסער עולם צושויער.

דער גאנג פון מעטש איז געווען א זעהר אינטערעסאנטער. בעזונדערס האט ב"כ ארויסגעוויזען פיעל טעכניק און פיינע קאמבינאציעס. דער מעטש, וועלכער איז פארגעקומען בכדי זיך צו פערמעסטען מיט די כחות, איז פערענ-דיגט געווארען מיט 2:2 (רעמי)

דער דאזיגער רעזולטאט בעווייזט בולט, אז די ב"כ מאנשאפט האט זיך היי-יאהר פערבעסערט און וועט קעמ-פען אויפ'ן טיטול מייסטער.

ס'איז חינשענסווערטה, אז דער יו-דישער עולם זאל זיך אביסעל מעהר פעראינטערעסירען מיט'ן ספארט.

........................

2 פונקטען פאר „גוויאזדא"

„גוויאזדא" — בר-כוכבא III 1:1 (1:1)

דער שיעדס ריכטער ה בייטלער האט אנגעפייפט וואלקאווער פאר „גוויאזדא" צוליב דעם נישט צושטעלען זיך צו דער צייט די ב"כ שפילער. ס'איז דע-ריבער פארגעקומען א פריינדשאפטס-מעטש צווישען די אויבענדערמאנטע ספארט-קלובען און פערענדיגט געווארען מיט רעמי (1:1). שיינבוים.

## אויסבעסערונג

אין נאטיץ, וואו מיר האבען געשרי-בען וועגען דער אימפאזאנטער פורש-פארשטעלונג פון די קינדער פון „חיווך ילדים" האבען מיר ביים אויסרעכנען די נעמען פון פרויען-קאמיטעט, וואס פיהרט-אן מיט'ן אנשטאלט, צוליעב א פערזעהן דורכגעלאזען די נעמען פון די ג' פרויען: קארישעווימש קאלאדנער, האמערשטיין, חוואיי. פרל' פינקעלשטיין. וואס מיר בעסערען דא אויס. און גיבען אגב צו, אז די דערמאנטע פרויען האבען בעדייטענדע פערדינסטען פאר'ן וואוקס פון דער אינסטיטוציע. רעד.

# אונזער ראַדאָמער ליבלינג שמעון באַקמאַן וועט אונז מהנה זיין מיט א קאָנצערט לכבוד יום-טוב.

נאָך וויען, ווארשא, ווילנא און ביאַליסטאָק איז אויך געקומען די רייהע אויף אונזער שטאָדט. קומענדען דינסטאָג וועט ראדאָם אויך האָבען די מעגליכקייט צו הערען פערזענליך דעם וועלט-בעריאמטען פידעל-ווירטואָז שמעון באַקמאַן, וועלכער איז אונזערער א בן-עיר און וועמענס נאָמען עס איז יעצט פאָפולער אין ארבע פינות עולם.

הגם מיר האָבען שוין ניט איינמאָהל געהערט שמעון באַקמאַן, וועלכער איז שוין דאמאָלסט פאַר אונז אנטפּלעקט געוואָרען אלס בעגאַבטער קינסטלער, איז דאָך זיין יעצטיגער קאָנצערט פאַר אונז אַן אמת אנגענעהמער סיורפּריז, און מער ווי תמיד ווערט איצט ערוואַרט זיין קאָנצערט מיט דעם גרעסטען אונגעדולד פון דער גאנצער שטאָדט. אונזער ליבלינג שמעון באַקמאַן קומט יעצט צו אונז ארומגעציערט מיט בלומען-קרענץ פון רוהם און אנערקענונג פון די גרעסטע אויטאָריטעטען אין דער מוזיקאַלישער וועלט, וועלכע האָבען איהם געגעבען סמיכה, און איהם געקרוינט אלס געניאלען טאַלאַנט אויפ'ן געביעט פון וויאָלין-קונסט.

נאָך וויען. וואס רעכענט זיך צווישען די קונסט-טעמפּלען פון מוזיק, וואו שמעון באַקמאַן האָט ערוואָרבען זיין וועלט-רוהם און וואו ער איז בעשאָנקען געוואָרען מיט מעדאַלען און אויסצייכנונגען פון דער העכסטער מוזיק-אקאַדעמיע און בעגייסטערטע דאַנקזאגונגען פון מיניסטעריום פאַר קונסט, — האָט שמעון באַקמאַן אָנגעהאַלטען א ריעזען ערפאָלג אין ווארשא, וואו זיין קאָנצערט אין קאָנסערוואַטאָריום האָט אויפגערודערט די מאסגעבענדע מוזיקאַלישע קרייזען, פאַר וועלכע ער איז געווען פשוט א איבערראַשענדע ערשיינונג. די גאַנצע ווארשאָווער יודישע פּרעסע ווי: „מאָמענט", „היינט". „עקספּרעס" און אויך די „גאַזעטאַ ווארשאווסקא", „קוריער פּאָלסקי", „נאָש פּשעגלאָנד" און „וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקע" האָט איהם געווידמעט גרעסערע רעצענזיעס און פול געווען מיט לויב-געזאַנגען פאַר'ן יונגען ראַדאָמער ווירטואָז. זיינע קאָנצערטען נאכהער אין ווילנא, ביאַליסטאָק האָבען געשלאָגען א אונגעוועהנליכען רעקאָרד, און אזוי די צוהערער ווי די פּרעסע האָט גאָרנישט געהאַט קיין ווערטער אויסצודריקען זייער עקסטאַז און בעוואונדערונג. אין ווילנא האָט באַקמאַן געמאַכט אזא קאָלאָסאַלען רושם, אז ער איז נאָך א מאָהל אהין אנגאַזשירט געוואָרען.

דער קאָנצערט אין ראדאָם וועט דאָס מאָל ענטהאַלטען א רייכן, פערשידענפאַרביגען און נייעם-פּראָגראַם, צווישען אנדערע קאָמפּאָזיציעס געהען אריין, „כל נדרי" און דער ניגון פון בעל-שם. דער קאָנצערט פון אונזער ליבלינג שמעון באַקמאַן וועט פאַר אונז זיין א אמת'ער עונג יום-טוב.

ווי מען הערט איז א גרויסע נאָכפראגע פון בילעטען, וועלכע ווערען פערקויפט אין דער פירמע „פלוטאָס" לובלינער 29.

## ווענדונג פון „עזרה" צו דער יודישער בעפעלקערונג

אין איסנאהמס-שווערע בעדינגונגען האבען מיר אונזער פסח-אקציע דורכגעפיהרט, נישט קוקענדיג דערויף, וואס די קוועלען פון הכנסות זענען היי-יאהר פיעל וועניגער געווען ווי יעדעס יאהר און די צאהל פון נויטבעדערפטיגע איז גרעסער.

מיר ווענדען זיך דעריבער צו אייך, ליבע ברידער, צו ערפילען אייער חוב, אין דער יעניגער, וועלכער האט זיך פארלויפיג דעקלארירט, זאל גלייך זיין בעטראג איינצאהלען, און ווער ס'האט נאך נישט איינגעצאהלט, חגם מען איז צו איהם נישט געקומען — זאל ער באלד איינצאהלען און אזוי נאך נעמען אנטייל אין דער גרויסער און וויכטיגער הילפס-אקציע אויף פסח.

דאס אחריות איז זעהר גרויס, מיר האבען אויף זיך די פעראנטווארטליכקייט גענומען. שאיצענדיג זיך דערויף, דאס איהר וועט אויך אונזער לאגע פערשטעהן. זאל קיין איין יודיש הויז נישט פערפעהלען אין דער נדבות-ליסטע. דאס איז אונזער לעצטער רוף אין דער לעצטער שעה בעפאר איהר זאגט דעם כל דכפין ייתי ויכול.

איינצאהלען קען מען גאנץ חו"מ פסח און נאך יו"ט ביים פרעזעס ה' אדלער און אין לאקאל פון „עזרה" דלוגא 11.

**דער הילפס-פעראיין „עזרה" פאר ראדאם און אימגעגענד**
**פארזיצענדער: איתמר אדלער**
**סעקרעטאר: יצחק גרין.**

---

טעאטר „ראמאנטשעק" ראדאם

מיטוואך דעם 16-טען ה. ח.
(2 טאג חו"מ"פ 8.30 אווענד).

נאך 1 גאסטשפיל פון בעריהמטען בינע און פילם-ארטיסט, — — גרינדער פון „ווניט" — —

# יאנאס טורקאוו

אין דער פיעסע

# די סיבה

דראמע אין 4 אקטען פון לעאנהארד פראנק. יודיש: יצחק טורקאוו.
מוזיק-בעארבייטונג: יוסף קאמינסקי. רעזשי: יאנאס טורקאוו
עס בעטייליגען זיך: רות קאליך, לידיא ליס, רענא קאלמאן, יאנאס טירקאוו, א. ווייספראדט, א. שיינין, נ. מעסינגער א. אנד.

די פיעסע ווערט געשפילט אהן סופליאר. אדמ.-לייטער: מ. מענדעלסאן.

---



די ראדאמער אבטיילונג פון דער געזעלשאפט צו פערהיטען דאס געזונד פון דער יודישער בעפעלקערונג אין פוילען „ט א ז" מאכט בעקאנט דאס די

## יערליכע אלגעמיינע פערזאמלונג

פון די מיטגלידער פון ראדאמער „ט א ז" קומט פאר

**שבת דעם 26-טען אפריל 8 אזייגער אוונד**

אין לאקאל פון „ט א ז" דלוגא 24, מיט פאלגענדען טאג-ארדנונג:
1) ערעפנונג 2) וואהלען פון פרעזידיום 3) בעריכט פון דער פערוואלטונג פאר'ן פערגאנגענעם יאהר 4) בעריכט פון דער רעוויזיאנס-קאמיסיע 5) פלאן פון דער טייערדיגער טעטיגקייט 6) וואהלען 7) פרייע פארשלאגען.

בעמערקונג: אין פאל פון נישט קומען פון די נויטיגע צאהל מיטגלידער וועט, לויט דעם סטאטוט, די פערזאמלונג פארקומען אין דעם זעלבען טאג 9 אווענד און וועט זיין גילטיג ביי יעדע צאהל מיטגלידער.

מיט אכטונג די פערוואלטונג.

---

## אכטונג מיטגלידער פון האנדווערקער-קלוב

אלע מיטגלידער ווערען העפליך איינגעלאדען צו קומען פינקטליך 6 אוו. אויף די

## יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג

וואס קומט פאר מאנטאג דעם 2-טן טאג יו"ט (דעם 14|4) אין אייגענעם לאקאל מיט פאלגענדען טאג-ארדנונג:
1) בעריכט פון די רעארגאניז.-קאמיסיע, 2) בעריכט פון די ראטמענער פון שטאדט ראט, 3) בעריכט פון די קהלה, 4) בעריכט פון די קעלצער האנדווערקער-קאמער 5) וואהלען פון 12 פערוו.-מיטגלידער און 4 קאנדידאטען.

---

## הזכרת נשמה

מאנטאג אסרו חג דעם 21-טען ה. ח. פאלט אויס די ערשטע יאהר-צייט נאך אונזער יונג-פערשטארבען טעכטערל

# סאלי האכמאן נ"ע

וואס איז פון אונז אוועקגענומען געווארען אין איהר בליהענדע יוגענד. אויפ'ן בית-עלמין קומט פאר 12 אזייגער דעם זעלבען טאג א הזכרה נאך איהר אונפערגעסליכען נאמען, וועגען וואס ס'ווערט געמאלדען אונזערע קרובים, פריינד און בעקאנטע.

פאמיליע האכמאן.

---

# Kino „CORSO" w Radomiu.

## Od poniedziałku dnia 14 b. m.

**Wielki świąteczny program!**

Sensacja nad sensacjami!

Największa rewelacja filmowa!

**Tajemnica nocy ekaterynburskiej**

## KSIĘŻNA

# ANASTAZJA

dramat w 10-ciu aktach

z dziejów i przeżyć ocalonej W. Księżniczki Anaztazji najmłodszej córki Cara Mikołaja II-go

**W ROLI TYTUŁOWEJ:**

domniemana ocalona księżniczka **Anastazja** zaangażowana do filmu.

---

## וויכטיג נייעס

פאר אבות. און שוסטער-בראנזשע!
אנשטאט אין האנד נעם איך אן צו נייען קעדרעס מיט זייד, אויף א ספעציעלע מאשין
— שנעל, שעהן, ביליג. —
קומט איבערצייגט אייך!

## ביי: מ. רינגערמאכער

לובלינער 3, ערשטער שטאק
פאבריק פון סאנדאלין.

---

פערלוירען א פארטפעל מיט וועקסלען און געלד. דער ערליכער פינדער ווערט געבעטען אבצושיקען כאטש די וועקסלען געגען בעלאהנונג אויף אדרעס מאריאצקע גורקעס № 12

דוד רובינשטיין.

---

# איינלאדונג.

נאך א ענטגילטיגע מאנטירונג און אויספרובען די קלאנג-אפאראטען

**„GOUMUNT"**

## וועט שבת 12 נ. מ. פארקומען די פרעמיערע

פון דעם ערשטען

# קלאנג-פילם

אין ראדאם

אויף וואס מיר פערבעטען אונזערע שטענדיגע בעזוכער.

*Dyr. Kina Dźwiękowego*
*„NOWE CZARY" w Radomiu.*

# דאנקזאגונג.

דערמיט דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטען דאנק דעם ה' יהושע שטיינמאן, די געברידער פרענקעל און גאר בעזונ־דערס דעם ה' פראפעסאר מושטאטבליט, פאר זיינע אויפריכטיגע ווערטער פון מיטגעפיהל, בשעת דער לויה פון אונזער פערשטארבענעם

פאטער, שווער און זיידע

# יצחק זילבערשלאג נ. ע.

די אין טיפען טרויער־פערבליבענע

פאמיליע.

---

כשר לפסח! **בעקאנטמאכונג.** כשר לפסח!

איך האב די עהרע בעקאנט צו מאכען, דאס די לאנגיעהריג־עקזיסטירענדע

פירמע **ה. לאנדאו וואלאווא 35**

איז פערזעהן מיט א גרויסען אויסוואהל שפירט 96־ער, 90־ער און 45־ער און אויך מיט פערשידענע ווייִנען, ליקערען, שליוועוויץ פון די בעסטע פירמעס, כרמל־ווייִן און מעד.

אלץ צו קאנקורענץ־פרייזען.

**ה. לאנדאו**
וואלאווא 35.

---

# בעקאנטמאכונג.

דערמיט מאך איך בעקאנט, אז מיין לאנג־עקזיסטירענד געשעפט פון **מאניפאקטור** ווי אויך **צודאטען** פאר אבוואניקעס און שניידער.

איז פון 1 קזיעצניען ה. י. פאר די בעקוועמליכקייטען פון דער ג. קל ענטעליע איבערגעטראגען געווארען פון רזשעווסקא 21

אויף **רווינסקא 2** ראג רינעק (פראנט־געוועלב)

מיט אכטונג **שמואל ראזענבערג** ראדאם.

---

# בעקאנטמאכונג.

דעם 4־טען מערץ איז געעפענט געווארען

— א געוועלב —

מיט **עלעקטרישע מכשירים**

ס'איז פערזעהן אויפ'ן לאגער א גרויסער אויסוואהל עלעקטרישע בעהייצונג ווי:

**פרעס־אייזענס, טשייניקעס**

אין **קיכלעך** א גרויסער אויסוואהל **ושיראנדאלען** און **טיש־לאמפען**

לויט ווארשאווער פרייזען. אלעס אויף ראטעס

אויסצוצאהלען ביז א יאהר צייט נור אויף דעם ראדאמער פלאץ.

„ELEKTROS" sp. z ogr. odp. מיט אכטונג
RADOM, Żeromskiego 33.

---

Biuro Próśb i Podań

p. f. **„PROLITEX"**

RADOM, WAŁOWA 5, oficyna 1-sza piętro.

| ZAŁATWIA: | Redaguje Podania: |
| --- | --- |
| Sprawy paszportowe | Do Władz Sądowych |
| Mieszkaniowe | Skarbowych |
| Wszelkie Tłomaczenie | Administracyjnych |
| i inne. | i Wojskowych. |

Windykacja należności w całej Polsce.

**Informacje o zdolności kredytowej**

**Przepisywanie na maszynach.**

Biuro czynne: od godz. 9-ej rano do 7-ej wieczór.

---

**SKŁAD**

**Sukna, kortów futer** oraz magazyn ubiorów męskich

# M. BALICKIEGO

w Kielcach, ul. Kilińskiego № 9.

**Posiada na składzie**

**wielki wybór towarów sezonowych**

futra damskie, kożuszki zakopiańskie męskie i damskie oraz burki podróżne, kurtki skórzane, kołnierze futrzane i szyjki różne.

Ceny Bardzo niskie. Warunki dogodne.

---

„KOWALSKINA"

FABRYKA CHEMICZNO-FARMACEUTYCZNA „AP. KOWALSKI" WARSZAWA

---

ODCISKI

BRODAWKI

KLAWIOL

P. KOWALSKI

---

Kino „ŚWIT" Teatr

Dziś i dni następnych

**BIAŁE PIEKŁO**

wstrząsający dramat uwięzionych wsród lodowców górskich.

NAD PROGRANI świetna komedja w 2 aktach

*Świat do góry nogami.*

---

Kino CORSO Teatr

Dziś i dni następnych

REWELACYJNY FILM SEZONU!

Szczyt techniki reżyserji Fr. Lang'a p. t.

**KOBIETA NA KSIĘŻYCU**

w rolach głównych:

Willy Fritsch i Gerda Maurus.

---

Kino ODEON Teatr

Od poniedziałku dn. 7 Kwietnia

ulubieńcy wszystkich

**Pat i Patachon**

— w filmie p. t. —

**GAZECIARZE**

Nad program!

Świetna komedja i tygodnik filmowy P. A. T.

---

Kino NOWE CZARY Teatr

Dziś i dni następnych

**MARSZ RADECKIEGO**

Dramatyczny epizod z czasów wojny Austrjacko-Włoskiej

W roli głównej:

Hr. AGNES ESTERHAZY

oraz szampańska komedja p. t.

**Królowa Włóczęgów**

---

Felczer H. GRINSZTAJN Radom, Lubelska 30.

Redaktor Ch. M. Herc

Drukarnia Wyd. „Radomer-Kielcer Leben" Radom, Szwarlikowska 28.